# מיר פֿאָרן

פֿון ביילע גאָטעסמאַן



# מיר פֿאָרן



מיר פֿאָרן איבער גאָר דער וועלט,
קומט מיט אונדז,
אויב אײַך געפֿעלט!
מיר פֿאָרן טו-טו מיט דער באַן,
מיר פֿליִען מיט אַן עראָפּלאַן,
מיר טרײַבן פֿערדלעך אין געשפּאַן
פֿון ניו-יאָרק ביז פּאַקיסטאַן...







# די באַן

סע לויפֿט די באַן
דורך וואַלד און פֿעלד,
זי לויפֿט אַדורך
די גאַנצע וועלט.

דער קוימען פּײַפֿט,
דער קעסל זידט,
די רעדער װערן
אויך ניט מיד...





# דער עראָפּלאַן

פֿליט אַן עראָפּלאַן, פֿאַרבײַ
מיט אַ גרויס גע׳וודערײַ
טר־ר־ר־ר־ר־ר ־ר !
פֿליט זיך ווי אַ פֿויגל־פֿרײַ ...



„זאָג מיר, ליבער עראָפּלאַן,
ווייסטו, איך בין דאָ פֿאַראַן ?
זעסטו מיך בײַם פֿענצטער שטיין ?
אָדער בין איך דיר צו קליין ?"



# די אויטאָס



אויטאָס פֿאָרן,
אויטאָס הײַלן,
טרינקען גאַז
און שלינגען מײַלן.

אויף דעם וועג

דעם ברייטן,

לאַנגן,

צוגען אויטאָס

ווי די שלאַנגען ...



# דער ביציקלעט

איך מיט בערלען אין געוועט –
יעדער אויף זײַן ביציקלעט;
בערל אײַלט זיך, בערל פֿליט,
מיך דעריאָגן קען ער ניט!



איך פֿאָר גיכער נאָך ווי גיך,

איך וועל זײַן דער ערשטער,

איך!

# דער ראַקעט

מיט אַ ראַקעט, מיט אַ ראַקעט
מיר פֿליִען צו די שטערן!
קען מען ביז צום מאַרס, העט-העט,
די סיגנאַלן הערן.

הערט, לבֿנה, שטערן, הערט!
מיר גיבן אײַך צו וויסן:
סע קומען קינדער פֿון דער ערד
לבֿנה צו באַגריסן!



# די שיף

פֿאָר איך מיט אַ גרויסער שיף
אויף דעם גרויסן ים,
און איך קוק דורך אַ שפּאַקטיוו
ווי דער קאַפּיטאַן.

שרייַט דער קאַפּיטאַן אויס: „צפֿון!"
און די שיף זי פֿאָרט,
טו איך אויך ווי ער אויסרופֿן:
„מיר קומען שוין אין פּאָרט!"



# די דרײבאַן

פֿאָרן, פֿאָרן פּאַסאַזשירן
פֿאָרן װוּ די באַן װעט פֿירן







אַרום און אַרום אין קאַראַהאָד

דרייט זיך דרייבאַן ווי אַ ראָד.



# פֿערד־און־וואָגן

שמעון פֿליט מיטן עראָפּלאַן
אין די הימלען הויך,
ראובֿן פֿאָרט זיך מיט דער באַן,
אײַנגעהילט אין רויך.



איך פֿאָר מיט אַ פֿערד־און־וואָגן,
וויאָ! מײַן פֿערדל, פֿלי!
קען אונדז קײנער ניט דעריאָגן
פרזחט ביז אין דער פֿרי!...

